ליטעראטור פאר דער שול

II

# די פאן

פון

שלום-עליכם

◆◆◆◆

ארויסגעגעבן

פון דער

י. ל. פרץ-שול

אין וויניפעג

# DI FON

— by —

SHOLEM ALEICHEN

PUBLISHED BY

I. L. PERETZ SCHOOL IN WIINIPEG

# די פּאָן

---

## א.

קינדער! איך וועל אייך דערציילן א מעשה מיט א פּאָן. ווי אזוי איך, אן ארעמאנס א יינגל, האָב באקומען אויף שמחת־תורה א פּאָן, ווי שווער זי איז מיר אָנגעקומען און ווי גרינג איך האָב זי פארלאָרן. גאָט האָט מיך געשטראָפט, איך האָב זי אויסגעקרענקט...

אז איך בין געווען א קליין יינגעלע אזוי ווי איר, האָט מען מיך גערופן "טאָפּעלע טוטא־ריטו", דאָס הייסט: "קאָפּעלע קוקאריקו". ווייסט איר פארוואָס? — ווייל, ערשטנס, האָב איך גע־האט א דין קוויטשיק קולכל, ווי א יונג הענדל וואָס האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן צו קרייען, און, צווייטנס, האָב איך ניט געקאָנט אויסריידן קיין "קוף" און קיין "גימל", און ווי אויף צו־להכעיס האָט מיין טאטע באדארפט הייסן קלמן, מיין מאמע — גיטל קלמנס, איך — קאָפּל, גיטל קלמנס, און דער רבי — גרשון גארגל דרדקי פון גאלאגאניווקע.

— יינגעלע! ווי אזוי רופט מען דיך?

— מיך? טאָפּל דיטל טלמנס...

— העכער אביסל!

— טאָפּל דיטל טלמנס!..

— נאָך העכער!

איך שריי אויף א קול:

— טאָ־פּל! די־טל! טל־מנס!

— און ביי וועמען לערנסטו?

— ביי וועמען לערן איך? ביי דרשון דאָרדל דרדטי פון דאלאדאניוטע!..

דער עולם לאכט.

דער עולם לאכט — און איך וויין.

איך וויין ניט פון דעם, וואָס מ׳לאכט פון מיר, נאָר דערפאר, וואָס מ׳שלאָגט מיך: דער טאטע, די מאמע, די שוועסטער, דער רבי, די תלמידים. מ׳לערנט מיך, איך זאָל ריידן, ״ווי א מענטש״...

דער רבי האָט מיר איינמאָל ארייגגעזעצט א ״שפּרייזהעלצל״ צווישן די ציינער און האָט געהייסן די תלמידים זיי זאָלן מיר שפּייען אין מויל אריין, — טאָמער וועט דאָס זיין א רפואה...

ב.

האָבן אויף שמחת־תורה א פאָן, טאקע

וואָס א פּאָן הייסט, א פּאָן מיט א שטעקל, פון אויבן אן עפּל, אינם עפּל א ליכטל — דאָס האָט ביי מיר דעמאָלט אויסגעוויזן אזא גליק, אזא גליק, וואָס איך האָב גאָר מורא געהאט אפילו טראכטן פון דעם. קארג גוטע זאכן איז פאראן אויף דער וועלט? למאי ס'איז פאראן אזעלכע יינגלעך אין חדר, וואָס פארמאָגן געלט אויף צו קויפן א מעסערל, א בייטעלע, א שטעקעלע? למאי ס'איז פאראן יינגלעך אזעלכע, וואָס עסן אלע טאָג קאָנפעקטן, קנאקן ניסלעך; פון בייגל שמועסט מען ניט! היינט איז פאראן אזעלכע, וואָס עסן ווייסע בולקע אין דער וואָכן... אזא מזל!

אוי, קינדערלעך! איך האָב קיין ווייסע בול־קע אין דער וואָכן קיינמאָל ניט געגעסן! איך בין געוועזן, אז איך געהאט שווארץ־ברויט צו זאט, מחמת מיר זיינען געוועזן, ניט פאר אייך געדאכט, ביטערע אָרעמעלייט, אביונים, כאָטש אלע האָבן ביי אונדז געהאָרעוועט: דער טאטע, עליו השלום, איז געוועזן אונטער־שמש אינם אונטערשטן קלייזל פון דער קצבישער קלויז, די מאמע, עליה השלום, איז געוועזן א בריה אויף באקן קאָרענעם לעקעך, און די שוועסטער האָבן אונטערגעארבעט זאָקן.

איך מעגט מיר גלויבן בנאמנות, איך האָב ניט געוואוסט דעם טעם, וואָס הייסט אָפּעסן אזוי,

אז איך זאָל טאקע באלד ניט קאָנען עסן נאָכ־אמאָל.

היינט ווער שמועסט האָבן ביי זיך אין קעשענע א קאָפּיקע, אן אייגענע קאָפּיקע — דאָס האָט זיך מיר אפילו ניט געחלומט.

און שטעלט אייך פאָר, אז איך, קאָפּל קוקאריקו, ווער מיטאמאָל א גביר און באקום מיין אייגנס צוויי־און־צוואנציק קאָפּיקעס!

אפשר מיינט איך א נס — א פּריץ האָט פארלאָרן און איך האָב געפונען? האָט איך דווקא ניט געטראָפן. אָדער טאָמער רעכנט איר, איך האָב זיי גלאט אזוי ערגעץ דערטאפּט, ארויסגעגנבעט חלילה פון א פּושקע? גאָט זאָל אייך היטן פון אזא מחשבה! איך האָב זיי, שווער איך אייך, פארדינט, פארהאָרעוועט מיט מיינע אייגענע... פּיס.

דאָס איז געווען פּורים, האָט מיך דער טאטע געשיקט איך זאָל צעטראָגן דעם שלח־מנות צווישן די בעלי־בתים פונם אונטערשטן קלייזל פון דער קצבישער קלויז. פריער פלעגט צעטראָגן דעם שלח־מנות איינע פון מיינע עלטערע שוועסטער, און איצט, אז איך בין שוין אביסל אונטערגעוואקסן, האָט דער טאטע געזאָגט, אז איך מעג שוין אויך זיין א שטיקל הילף. האָב איך גענומען דאָס שעלעכל מיטן

פלעדל, ארומגעטראָגן דאָס פון שטוב צו שטוב צווישן אַלע בעלי־בתים פונם אונטערשטן קלייזל פון דער קצבישער קלויז, געקנאָטן מיט די באַר־וועסע פיס די קאַלטע, גליטשיקע בלאָטע, און פון די גראָשנס, וואָס מ'האָט מיר געשענקט פאַרן וועג, האָב איך געמאַכט א זילבערנעם פּערציקער מיט פיר גראָשנס.

ג.

באַקומען מיטאַמאָל אַזאַ אוצר, גיי איך אַרום און טראַכט, וואָס טוט מען מיט, קיין עין הרע, אַזוי פיל געלט?

קומען צו גיין צו מיר דער יצר־הרע מיטן יצר־טוב און מוטשן מיך. דער יצר־הרע זאָגט:

— וואָס וועסטו זיך האַלטן מיט די גראָשנס, נאַר איינער? קויף זיך עפּעס: קויף מאַנדלעך, קויף פלעדלעך גוטע מיט האָניק־פאַרפל, אָדער כאַטש אַן עפּל א געפּרוירענעם, וועסטו זיך מחיה זיין.

— נאָכגעבן דער קישקע? — זאָג איך. — וועל איך אויפעסן אין איין טאָג דאָס גאַנצע געלט. איך וויל ניט!

— גערעכט! — זאָגט דער יצר־טוב. — א סך גלייכער שוין פאַרלייען דער מאַמען די עטלעכע קאָפּיקעס! איר וועט דאָס צונויץ קומען.

— א חכם! — זאָג איך. — ס'זאָל זיין פארפאלן? ווו וועט זי נעמען אויף אָפּצוגעבן?

— זי מוטשעט זיך נעבעך, — זאָגט דער יצר־טוב, — און צאָלט פאר דיר שכר־לימוד...

— וואָס געהער זיך אָן מיט דיר שכר־לימוד? — זאָגט דער יצר־הרע. — קויף זיך בעסער א פייפעלע פון ווייסע ליים מיט רויטע פינטעלעך, א מעסערל א שארפס מיט צוויי קלינגלעך און מיט א מעשענעם קאסטן, אָדער גאָר א בייטעלע מיט א גוט שלעסל.

— וואָס וועסטו האלטן אינם בייטעלע? — זאָגט דער יצר־טוב. — דעם דלות?

— קנעפּלעך! — זאָגט דער יצר־הרע. — וועסט אָנשטאָפּן א פול בייטעלע מיט קנעפּלעך, וועט מען מיינען, אז ס'איז געלט, וועלן דיר אלע יינגלעך מקנא זיין.

— וואָס וועט דיר ארויסקומען פון דעם? —זאָגט דער יצר־טוב.— אָט פאָלג מיך. צעטייל גאָר דאָס געלט פאר אָרעמעלייט, טו צדקה, וועסטו פארדינען א מצוה, אָרעמעלייט נעבעך גייען אויס פון הונגער.

— אָרעמעלייט? — זאָגט צו מיר דער יצר־הרע. — ביסט אליין אן ארעמאנס א יינגל. ביסט אליין תמיד הונגעריק. פארוואָס האָט דיר

קיינער ניט געגעבן, אז דו האָסט ניט געהאַט, ניט היינט געדאַכט?..

ד.

שיר־שיר האָט מיך דער יצר־הרע איינמאָל ניט איבערגערעדט.

— אין חדר האָב איך געהאַט א חבר — יואַליק, א נגידס א יינגל. ער פלעגט האָבן תמיד פולע קעשענעס מיט גוטע זאַכן. נאָר יענעם געבן האָט ער פיינט געהאַט; מ׳זאָל זיך אויס־ציען פאַר אים — ניט א שמעק! פלוצים האָט זיך יואַליק עפּעס אָנגעהויבן צו מיר שטאַרק צושאַרן, צושמייכלען, געוואָרן מיט מיר חבר — די נשמה!

— דו ווייסט? — מאַכט ער צו מיר. — ביסט א וויל יינגל, ווי איך בין א ייד. איך האָב דיך ליב נאָר דערפאַר, וואָס דו האָסט פיינט בעטלען, אזוי ווי אנדערע: „גיב מיר א שטיקעלע! גיב מיר א פּיצעלע!״ אָנקוקן קאָן איך ניט אָט די בעטלערס!.. א שטיקל קאָנפעקט ווילסטו?

— א שטיטל טאָנפעט? — זאָג איך. — פאַרוואָס ניט?

— נו, — זאָגט ער — און ניסלעך א צוויי וואָלסטו געקנאַקט?

— ניסלעך? — זאָג איך, — פאַרוואָס ניט? איך זאָל האָבן וואָלט איך דערטנאַט.

יואַליק לייגט אַריין די האַנט אין קעשענע. איך מיין, אַז דאָס נעמט ער אַרויס און גיט מיר. צום סוף רופט ער זיך אָן צו מיר:

— איך וועל דיר געבן מאַרמעלאַד א האַלב שטיקל און ניסלעך דריי... אויב דו וועסט זיך מיט מיר בייטן. וועסט זיך בייטן?

— בייטן? — זאָג איך, — מיט וואָס וועלן מיר זיך בייטן?

— איך וועל דיר — זאָגט ער, — געבן דאָס מעסערל מיינס. דו ווייסט דאָך מיין ווייס מעסערל? אַן אמתדיקס!

א חידוש אביסל, אויב איך ווייס יואַליקס מעסערל! ווער ווייסט ניט יואַליקס מעסערל? וויפל מאָל האָב איך אים דערויף מקנא געווען! וויפיל מאָל האָב איך דאָס געזען אין חלום!..

— נו, און איך? — זאָג איך. — וואָס זאָל איך דיר געבן דערפאַר?

— און דו, — זאָגט ער, — וועסט מיר געבן דיין זילבערנעם פערציקער.

— נעם! — זאָגט מיר דער יצר־הרע. — נעם, ס'איז אַן אַנטיק פון א מעסערל. אַלע יינגלעך וועלן דיר מקנא זיין...

איך וויל ארויסנעמען געלט; נאָר באלד פארכאפּ איך זיך.

— א חכם א ייד! — זאָג איך. — פאר א פּערציטער טאָן מען שוין טויפן א ניי מעסערל.

— אָט אזא מעסערל? — זאָגט יואליק. — פּורים נאָכן קאלטן קוגל!;.. שא, ווייסטו גאָר וואָס? איך גיב דיר צו א האלב טוץ קנעפּלעך ביינערנע.

— פאר דעלט, — זאָג איך, — טאָן מען טויפן צען טויזנט טוץ טנעפּלעך.

— נו, — זאָגט ער, — און קאָנפּעטן און ניסלעך איז קיין געלט ניט? איך זאָג דיר צו, אלעמאָל, ווען דו וועסט בעטן, גיב איך דיר, ווי איך בין א ייד. אָט האָב איך א צוואָק אָן אייזערנעם, זעסטו? — שענק איך דיר אוועק דעם צוואָק אומזיסט. דו זעסט, וואָס פאר א צוואָק?

— וואָס דארף איך, — צוועטעם?

— ער וועט דיר, — זאָגט ער, — צונויץ קומען, נארעלע. קאָנסט אים פארשלאָגן ווו דו ווילסט. קאָנסט מיט אים אויסגראָבן א גריבל.

— וואָס דארף איך, — זאָג איך, — דראָבן דריבלעך?

— איך וועל דיר, — זאָגט ער, — לאָזן דאווגען אין מיין סידורל.

— וואָס דאַרף איך, — זאָג איך, — דאַווי־
נען אין פרעמדע סידורים?

— איך וועל דיר געבן, — זאָגט ער, —
אָנמעסטן מיין שבתדיק קאַשקעטל.

— וואָס דאַרף איך, — זאָג איך, — מעסטן
פרעמדע טאַשטעטן?

— ווילסטו ניט? נאַ זשע דיר! — מאַכט
יואליק און דערלאַנגט מיר אַ בוכענצי אין זייט
אַריין. — געפעלט אייך אַביסל אַ קבצניוק?
איך גיב אים אַזויפיל זאַכן: אַ מעסערל, און
קנעפלעך, און קאָנפעטן, און ניסלעך, און אַ
צוואָק, און אַ סידורל, און אַ היטעלע אָנמעסטן
— וויל ער נאָך ניט! אַ קבצנישע קישקע —
וויפל מ׳לייגט אין איר ניט אַריין, איז ווייניק!
ער מיינט, אַז ער האָט אַ זילבערנעם פּערציקער,
איז ער שוין אַ גאַצער יאַ־טעבע־דאַם! וואַרט
אויס, טאַפּעלע טוטאַריטו, וועסט אַמאָל אָנקומען
צו מיר, וועט דיר אויספאַלן באָקאָם!.. נחמיה!
נאַ, איך שענק דיר אַוועק דעם צוואָק!..

יואליק שענקט אַוועק דעם צוואָק נחמיהן
(אַן אַרעם יינגל, וואָס הינקט אויף אַ פיסל),
און מיט מיר ווערט ער אויס חבר.

## ה.

וועט איר דאָך פרעגן: אויף וואָס פּאַרט
האָב איך געהאַלטן דאָס געלט?

ערשטנס, אויף ל"ג בעומר צו דער סעודה. ל"ג בעומר צו דער סעודה פלעגן אלע קינדער ברענגען עפעס אין חדר אריין: ווער מזומן געלד, ווער אן עסנווארג, און ווער א נאשעריי. נאָר איך איינער פלעג קומען מיט מיין שטענדיק אָנבייסן — א שטיקל ברויט מיט קנאָבל. עס פלעגט מיר פלאַמען דאָס פּנים; און כאָטש אין קאָן האָט מען מיך אריינגענומען גלייך מיט אלע יינגלעך, נאָר געפילט האָב איך, אז ס'איז מצד רחמנות — און ס'איז מיר ניט איינגעגאנגען די שמחה... "אצינד, האָב איך מיר געטראכט, הער איך אייך אלע מיטן קאָטער; איך בין, ברוך השם, אזא פארשוין, וואָס איך גיי מיט מזומנים. ווי באלד אזא נגידס א יינגל, ווי יואליק, גיט צושטייער א פערטעלע, מעג איך געבן א קאָ־פּיקע, ווארים וואָס בין איך אנטקעגן אים? א גאָרנישט! ווי איז אָבער דער דין, אז איך גיב א פיאטאקל, בין איך יוצא? נו, גיב איך טאקע א גריווינקע — און ווייסט ווער איז קאָפּל קוקאריקו!"

און איך האָב אריינגעבראָכט אין דער קאַראָבקע אויף ל"ג בעומר צען קאָפּיקעס, דאָס איבעריקע געלאָזט אויף שפּעטער.

שפּעטער, זומער לעבן, ס'איז אויפגעקומען גרינווארג, עס האָבן זיך באוויזן פרישע אויבסטן

ביי פּיראָנדיטשקין אין די מולטערלעך, איז גע־קומען ווידער אמאָל דער יצר־הרע.

— זעסט, — זאָגט ער, — גרינע אגרעסן? זעסט, וואָסערע רויטע ווײמפּערלעך?

— פון גרינע פּירות, — זאָג איך, — ווערן נאָר אייליק די ציין.

— מאַך "שהחיינו", — זאָגט צו מיר דער יצר־טוב, — שהחיינו איז א מצוה...

— שהחיינו, — זאָג איך, — וועל איך נאָך צייט האָבן צו מאכן; דער זומער איז נאָך גרויס. עס וועט נאָך גיין א סדרה פון ווײנשל און פון פלוימען, פון עפּל און פון בארן, פון דיניעס און פון קאווענעס... איך וועל בעסער איבערלאָזן דאָס געלט, אם ירצה השם, אויף סוכות — זיך קויפן א פאָן.

און ס'איז געבליבן, איך זאָל איבערלאָזן דאָס געלט, אם ירצה השם, אויף סוכות — זיך קויפן א פאָן.

ו.

גאָט האָט געהאָלפן, דער סוכות איז גע־קומען. און איך האָב זיך געקויפט א פאָן, א גרויסע, א געלע, א "צווייזייטיקע".

פון איין זייט זיינען געווען אויסגעמאָלט צוויי חיות, וואָס האָבן געהאט א פּנים פון קעץ,

נאָר באמת זיינען זיי געווען לייבן, מיט אָפענע מיילער און מיט לאנגע צונגען. אויף די צונגען ביי זיי זיינען געווען ארויפגעטאָן פייפלעך, אפנים שופרות.

דאָ האָט איר איין זייט פאָן. אויף דער אנדערער זייט איז געווען נאָך שענער. דאָרט זיינען געשטאנען אויסגעמאָלט די פאָרטרעטן פון משה מיט אהרונען, פינקטלעך, ווי לעבעדיקע. אין מיטן, צווישן משה מיט אהרונען. — א גאנ־צע כאליאסטרע יידעלעך, געפאקט איינס אויף דאָס אנדערע, מיט תורהלעך אין די הענט. די יידעלעך הויבן פיס און זינגען: שישו ושמחו בשמחת תורה.

באקומען א פאָן, באדארף מען קריגן א שטעקל צו דער פאָן.

דאָ מוז מען שוין אָנקומען צו רב זיאמע דעם סטאָליער, טאקע דער זעלבער רב זיאמע, וואָס האָט אמאָל זיך אונטערגענומען מיך אויס־לערנען ריידן "ווי א מענטש".

— וואָס ווילסטו עפּעס זאָגן, טאָפּעלע טור־טאריטו?

— א שטעקל צו דער פאָן...

— וואָס הייסט, — זאָגט ער א שטעקל?

— א שטעקל, — זאָג איך, — פון א

שטיקל האַלץ מ׳זאָל טאָנען טראָגן די פּאָן.

רב זיאמע טרייבט מיט מיר אזוי לאנג קאַטאָוועס, ביז איך צעוויין זיך. דעמאָלט ווערט ער ווייך, ווארפט אוועק אַלע ארבעט, נעמט א שטיקל האָלץ, א שנייץ אהער, א שנייץ אהין — פּארטיק.

אצינד פּעלט מיר נאָך אן עפּל מיט א ליכטל, געוויינטלעך, פון וואקס, ניט פון חלב, ווארים חלב, אז עס וועט ארויפּקאפּן אויפן עפּל, איז פארפאלן דער עפּל, מ׳וועט אים נאָכדעם ניט קאָנען עסן... אָבער וואקס מאכט ניט אוים, וואקס איז כשר.

נו, און וואקס איז דאָך ביי מיר פאראן מער ווי ביי אַלע יינגלעך. אדרבא, א יינגל, אז ער באדארף א שטיקל וואקס, צו וועמען קומט ער אָן? צו מיר! ווארים מיין טאטע איז דאָך אונטער שמש אין אונטערשטן קלייזל פון דער קצבישער קלויז. איז וואָס עס בלייבט נאָך יום־כפּור פון די ליכט געהערט צו אים — דאָס איז זיין הכנסה. ער שמעלצט דערפון ״שמשים״ צו די חנוכה־ליכטלעך, הבדלות און סטאַטשיקעס. און וואָס עס פאלט אראָפּ פון די הבדלות מיט די סטאָ־טשיקעס געהער צו מיר — דאָס איז מיין הכנסה.

הקיצור, איך האָב אַלצדינג, וואָס מען באַ־דארף!

ז.

אריינגעזעצט די פּאָן אין שטעקל, אויפגע־
פּאַסט אויפן שפּיץ אַ רויטן עפּל, אָנגעצונדן פון
אויבן דאָס וואַקסענע ליכטל, לאָז איך מיך שמיני
עצרת אויף דער נאַכט אין שול אַריין, צו די
הקפות, לעבעדיק - פרייִלעך, ווי אַ גליקלעכער
פּרינץ, ווי אַ בן מלך, וואָס קיינער איז צו אים
ניט גלייך.

עס שטעלט זיך מיר פאָר, אַז איך בין שוין
אין שול אויבן, אויף דער מזרח־באַנק, מיט אַלע
בעלי־בתישע קינדער. די ליכט ברענען. מיין פּאָן
איז שענער פון אַלע פאָנען. מיין עפּל איז רויטער
פון אַלע עפּל. מיין ליכטל איז גרעסער פון אַלע
ליכטלעך. אין שול איז אַן ענגשאַפט, אַ היץ
מיט סכנות־נפשות. ווייבלעך און מיידלעך אַ סך
זיינען געקומען קושן די תורה. אָט גייט רב מלך
דער חזן מיטן צעלאָזטן טלית אויף צופּריער, ווי
אַ גענעראַל־פעלד־מאַרשאַל. נאָך אים — די
בעלי־בתים. רב מלך ציקלט זיך און זינגט אויף
זיין בלעכענער שטימע: "עו־זר ד־־לים, הושיעה
נא!" די ווייבלעך מיט די מיידלעך שפּרינגען אין
פּנים אַריין, קושן די תורות און שרייען מיט אַ
קוויטש: "דערלעבט איבעראַיאָר! דערלעבט אי־
בעראַיאָר!" — "גם אתם! גם אתם!"

נאָך איידער מען קומט צו צום אונטערשטן
קלייזל פון דער קצבישער קלויז, דאָרט ווו איך

דאווען, מוז מען דורכגיין פארביי עטלעכע שולן און בתי־מדרשים: די קאלטע שול, די ליטווישע שול, דאָס שניידערשע שולכל, דאָס גרויסע בית־מדרש, דאָס קליינע בית־מדרש, דאָס אלטע בית מדרש, די ערשטע קלויז, די חסידישע קלויז, די מתנגדישע קלויז, די נייע קלויז, דאָס געלע קלייזל — ביז מען קומט צו דער קצבישער קלויז און פון דאָרטן שוין לאָזט מען זיך אראָפּ אין אונטערשטן קלייזל.

אָט די אלע שולן און בתי־מדרשים, וואָס איך האָב אייך דאָ אויסגערעכנט, זיינען חלילה ניט צעוואָרפן דער אין ליסי, יענער אין סטריסי, ווי ביי אייך אין יעהופּעץ. ביי אונדז, אין קאסריליעווקע, איז אַ חיות. ביי אונדז געפינען זיי זיך אלע אויף איין גאַס, אויף איין שטיקל ערד, כמעט אויף איין הויף, — און דאָס ווערט אָנגערופן דער "שול־הויף".

אונדזער שול־הויף האָט צוויי געשטאלטן: אין דער וואָכן איז ער אנדערש, שבת און יום־טוב — ווידער אנדערש. אין דער וואָכן איז ער אַ מאַרק פון יידישע ספרים, טליתים, ציצית און מזוזות, פוילע עפּל, קברות־באַרלעך, מאַנדלעך, בייגעלעך און צוקערלעקעך. ציגן צעליגן זיך, ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן, און זיינען מעלה־גרה, שאָקלען בשעת מעשה מיט די

בערדלעך. קומט אָבער שבת און יום־טוב — אוים מארק, אוים מסחר, אוים ציגן. יידן, זאָלן גע־זונט זיין, קלייבן זיך צונויף רעדלעכווייז מען רעדט און מען גראגערט. מען דערציילט נייעס פון דער גאנצער וואָך, פונם גאנצן יאָר און פון דער גאנצער וועלט. אויך קינדער, חדר־יינגלעך, זיינען דאָ. חדר־יינגלעך פון אלע חדרים לויפן, שפרינגען, שוועבן אהין און אהער, ווי די פיש אין וואסער; גאָט האָט זיי געשענקט א מתנה — זיי זיינען פריי! מען באטראכט זיך איינס אויף דעם אנדערן די נייע קאפּאָטקעלעך, וועמעס איז לענגער, די יום־טובדיקע קאשקעטלעך, וועמעס קאָפּ איז גרעסער, און מען מעסט אויף די פינ־גער, וועמעס פאה איז קירצער. דערביי כאפּט מען, געוויינטלעך, ווער א פליק און ווער א שטורך און ווער א קלאפּ — ס'איז פריילעך.

נאָר פריילעכער ווי אלעמאָל איז סוכות, שמיני־עצרת אויף דער נאכט, פאר די הקפות, בשעת אלע יינגלעך פון אלע חדרים קומען זיך צונויף אהער מיט די פאָנען. דאָ מושטירט מען זיך אוים אויף כתות, גרויסע יינגלעך באזונ־דער און קליינע יינגלעך באזונדער. דאָ באטראכט מען איינס ביים אנדערן די פאָנען, וועמעס שטעקל איז גרעסער, וועמעס עפּל איז רויטער, וועמעס ליכטל איז פון חלב און וועמעס — פון וואקס. דערביי פאלן געווג ווערטלעך, חכמות

און געלעכטערן. איינער טוט אָפּ דעם אנדערן א שפּיצל: ער פארלעשט אים דאָס ליכטל, אָדער ער פארגנבעט זיך און בייסט אים אָפּ דעם עפּל, באקומט ער אין טאטנס טאטן מיט א פּאטש אויף פארבייסן — ביז מען צעגייט זיך איטלע־כער אין זיין שול אריין.

ח.

— מזל־טוב! טאָפּל טוטאריטו האָט א פאָן! שלום עליכם, א גוטער ייד, א האלבן פּנים אָפּגעבריט...

מיט אזא ברייטן ברוך־הבא האָבן מיך חברה קונדסים באגעגנט, אז איך בין געקומען אויפן שול־הויף מיט מיין פאָן.

איך באטראכט אלע פאָנען און ווארף א קוק אויף מיין פאָן — ווער? וואָס? ווען? ווי קומען זייערע פאָנען צו מיין פאָן?

ערשטנס, די פאָן אליין. ביי קיינעם שטייט ניט זי אזוי גלייך ארייננעזעצט אין שטעקל, אז מען זאָל ארויסזען ביידע זייטן. ביי קיינעם איז ניטאָ אזא גלייך, קיילעכדיק, געטאָקט שטעקל. ביי קיינעם איז ניטאָ אזא רויטער, גלאטער עפּל. ביי קיינעם איז ניטאָ אזא שיין געראָטן ליכטל, וואָרים ווער פארמאָגט אזוי פיל וואקס, ווי איך? ווער האָט געכאַפּט אזויפיל פּעטש מיט סטוסא־קעס, ווי איך, בשעת דער טאטע האָט מיך

געכאפּט אין פּאָלעש אונטער דער באַנק קלייבן די שטיקלעך וואקס פון די צעשמאָלצענע יום־כּפּורדיקע שטיקלעך ליכט?.. איך מאך א פּאר־גלייך צווישן מיין פּאָן און צווישן די אלע איבע־ריקע פּאָנען — און מיין הארץ ווערט פול מיט גדלות. עס מאָלט זיך מיר אויס, אז איך וואקס און וואקס העכער און ברייטער, די פיס טראָגן מיך. עס גלוסט זיך מיר לאכן, שרייען, קוויטשן, כאפּן א טענצל.

— אנו, ווייז נאָר! — רופט זיך אָן צו מיר יואליק דעם נגידס און בלייבט שטיין פארגאפט.

ער באקוקט מיין פאָן. איך באקוק זיין פאָן. "אויך מיר א פאָן! — טראכט איך מיר. — אויך מיר א שטעקל! אויסגעבויגן, גלייך ווי א קאָ־טשערע!" איך זע, אז ער איז א געקאָכטער, נאָר איך מאך מיך ניט ווייסנדיק און קוק כלומרשט אָן א זייט.

— קאָפּל! — מאכט ער צו מיר. — ווו האָסטו גענומען אזא שיין שטעקעלע?

— הא? — זאָג איך און דריי זיך אוים צו אים מיטן פּנים.

— ווו האָסטו דערטאפּט, — זאָגט ער נאָכ־אמאָל, — אזא טשאקנדיק שטעקעלע?

— וואָס איז דען? — זאָג איך צו אים, —

ווילסט זיך אפשר בייטן אויף דיין צוואָק?..

יואליק פארשטייט דעם שטאָך. ער טוט א גלאנץ מיט די אויגלעך, א סמאָרע, מיט דער נאָז, לייגט אריין די האנט אין קעשענע און טרעט אָפּ. איך קוק אים נאָך און קוועל, עס קומט מיר צו א שטיק געזונט. איך זע ווי ער רופט אָפּ נחמיהן מיטן קרומען פיסל אויף א זייט און סודעט זיך מיט אים און ווינקט אויף מיר מיט די אויגן. איך זע גאנץ גוט, נאָר איך מאך זיך ניט וויסנדיק. אין א מינוט ארום גייט צו צו מיר נחמיה מיטן קרומען פיסל, האלט יואליקס פאָן מיטן קרומען שטעקל און רופט זיך אָן צו מיר:

— גיב מיר אָנצינדן דאָס ליכטל; מיינס האָט זיך פארלאָשן.

— ס'איז דען דיין פאָן? — זאָג איך צו אים און בויג אָן מיין פאָן מיטן ליכטל. — איך וויים דאָך וועמעס פאָן דאָס איז...

און איידער איך קוק מיך ארום, טראָגט צו נחמיה זיין אָנגעצונדן ליכטל צו מיין פאָן. מיין פאָן צינדט זיך אָן מיט א פלאקער, פּ־פּ־פּו — אוים פאָן! —

---

ווען עס פאלט אראָפּ פונם הימל א שטיין

גלייך מיר אין קאָפּ אַריין, ווען עס פאַלט אָן
א ווילדע חיה אויף מיר און וויל מיך פאַרצוקן,
אָדער ווען עס קומט מיר אנטקעגן א מת אין
האַלבער נאַכט און וויל מיך ווארגן, — וואָלט
מיין שרעק ניט באַדאַרפט זיין אזוי גרויס ווי
בשעת איך האָב דערזען מיין נאַקעטן שטעקן
מיט דער אָפּגעבראָכענער פאָן. עס האָט זיך
ארויסגעריסן ביי מיר פון האַרצן א געשריי:

— אוי וויי, מיין פאָן! מיין פאָן! מיין פאָן!..

עס האָבן זיך א גאַס געטאָן טרערן פון מיינע אויגן. די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר געוואָרן פינצטער. דאָס שטעקל מיטן עפּל מיטן ליכטל זיינען ארויסגעפאַלן פון מיינע הענט, און איך האָב מיך געלאָזט גיין, איך ווייס אַליין ניט וווהין. איך ברעך די הענט און באַוויין מיין פאָן, ווי מען באַוויינט א טויטן. און איך קום צוגיין אהיים איינער אַליין, אָן א פאָן, און איך פאַרקלייב זיך אין א ווינקעלע, און דאָ, אין דער פינצטער, זיץ איך, דעם קאָפּ אַראָפּ צווישן די קני, און ווייַן שטילערהייט, קיינער זאָל ניט זען, קיינער זאָל ניט הערן, און איך פרעג ביי גאָט א קשיא:

— גוואַלד, גוואַלד, רבונו של עולם! פאַר־וואָס קומט עס מיר? פאַרוואָס און פאַרוואָן?..

— — — — — — — — — — — — — — —

## דאָס לעצטע קאַפּיטל

איר ווייסט, קינדער, אַלע מעשיות האָבן א סוף און לאָזן זיך אויס אָדער פריילעך, אָדער טרויעריק.

יידישע מעשיות לאָזן זיך אויס, צום מייסטנס, טרויעריק. פאַראַן ביי אונדז א ווערטל, אַז א ייד, ובפרט אַן אָרעמאַן, טאָר קיין הנאה ניט האָבן. ס'איז א סך וועגן דעם צו ריידן; אַז איר וועט אונטערוואַקסן, וועט איר געוואָר ווערן... דערווייל באַדאַרף איך אייך זאָגן, אַז די מעשה מיט מיין פּאָן האָט זיך נאָך ניט אויסגעלאָזט דערמיט, וואָס איך האָב אייך דאָ דערציילט. איך האָב נאָך גוט, גוט צוגעקרענקט, געלעגן אין א הייליש פייער, געזען פאַר זיך משונה־מאָדנע זאַכן, שלאַנגען און עקדישן מיט פייערדיקע צונגען און ווילדע חיות אינם געשטאַלט פון מענטשן... איך האָב געהערט משונה־מאָדנע קולות פון קעץ און פון פיפערנאָטערס. איך האָב זיך געוואָרפן פון היץ, געווען פאַרביי. מען האָט ניט געהאַלטן פון מיין לעבן. אין אונטערשטן קלייזל פון דער קצבישער קלויז האָט מען שוין אַפילו אָפּגעזאָגט תהלים אויך. איך בין געווען העכער האַלב אויף יענער וועלט.

נאָר אַזוי ווי ס'איז היינט ערב יום־טוב, און יום־טוב, בפרט שמחת־תורה, באַדאַרף מען זיין

פריילעך, ווײַל איך אויסלאָזן די מעשה מיט מײַן פאָן אויך פריילעך.

ערשטנס, זעט איר, אַז איך בין מיט גאָטס הילף ניט געשטאָרבן.

צווייטנס, זייט וויסן, אַז אויפן אנדערן יאָר האָב איך געהאַט אַ פאָן נאָך אַ שענערע, מיט אַ שענערן שטעקל, מיט אַ שענערן עפּל, און בין דווקא געווען אין שול גאַנץ אויבנאָן, אויף דער מזרח־באַנק, מיט אַלע בעלי־בתישע קינדער. די ליכט האָבן געברענט, מײַן פאָן האָט געשײַנט. ייִדן זײַנען געגאַנגען מיט די הקפות. רב מלך דער חזן מיטן צעלאָזטן טלית איז געגאַנגען פאָרויס, ווי אַ גענעראַל אַ פעלדמאַרשאַל. ער האָט זיך געציקלט און געזונגען אויף זײַן בלע־כענער שטימע: „עוזר דלים, הושיעה נאָ!“ ווײַבלעך און מיידלעך אָן אַ שיר האָבן געקושט די תורות, געשפּרונגען אין פּנים אַרײַן און גע־שריגן מיט אַ קוויטש: „דערלעבט איבעראַיאָר! דערלעבט איבעראַיאָר!“ — „גם אתם! גם אתם!־קינדער, גם אתם!..

